נומער 12

# שפּיגל

פּאַריז, פעברואַר 1963

סאַטירישער חודש-זשורנאַל דע  רשיינט מיט רעגלמעסיקער פאַרשפּעטיקונג יעדן חודש
רעדאַקטאָר א. א. ליבערמאַן

# ראָטשילד גייט אים שטעלן אויף די פיס...



דער פּאַריזער ראָטשילד זאָל זיך באַטייליקן אין אן אינטערנאַציאָנאַלער באַנק, וואָס שטעלט זיך די אויפגאַבע געזונט צו מאַכן דעם עקאָנאָמישן מצב פון פראַנקאָ־שפּאַניע. (זע „לע מאָנד" פון 12־טן פעברואַר 1963)
ווען א ראָטשילד קומט צוהילף אן איניקל פון די מאַרקעמאַדאָס, — דאַרף מען ניט צוגעבן קאָמענטאַרן

## Oberg und Knochen Moment bitte !

איר פאָרט שוין אוועק ?
זייט נאָך נישט געזונט !
איך, דער „יודע" אברהם אבא בן משה יוסף, האָב אייך נאָך עפּעס צו זאָגן.
געהאָפט האָב איך, אז כאָטש איר, א־בע־גע, וועט לאָזן אייערע „קנאָכען" אין דער פראַנצויזישער ערד, ווייל, וואָס איז טאַקע די געאיילעניש ? צס פעלט אויס מאַסן־מערדער אין דייטשלאַנד און אייך ביידע ?

איך געדענק, אז פאַר די ריבמער האָט איר אייך פאַרטיידיקט, אז מ'האָט אייך אזוי „געהייסן". אבער אויף דער פריי זענט איר דאָך צוריק די וואָס וואַרטן מען זאָל זיי „הייסן" — אזוי ווי זונות, וואָס קוקן אויס אויף דעם, וואָס וועט זיי קומען מאַכן זינדיקן.



מילא, קען איך נישט האָבן קיין טענות צו א רעגירונג, וואָס ווייזט ארויס רחמים אפילו צו מאַסן־מערדער.
אבער נאָבן אפּזיצן אזוי פיל יאָרן ביי אונז אין פראַנקרייך וואָלט געווען אן עוולה, ביילעבן אז איך זאָל אייך אוועק־לאָזן מיט ליידיקע הענט.
דעריבער :
אין נאָמען פון אלע די וואָס טראָגן אין פילן דאָס זעלבע וואָס איך פיל איצט;
אין נאָמען פון אונזער ציוויליזאַציע, וואָס איר האָט פאַרשוועכט;
אין נאָמען פון אונזער יאָרהונדערט, וואָס איר האָט פאַרפינצטערט און פאַר־פלעקט מיט אזוי פיל אומשולדיק בלוט;
גיב איך אייך מיט מיין האַרציקסטן װוּנטש איר זאָלט לעבן אזוי לאַנג, ביז עס וועט מקויים ווערן אלץ וואָס אייערע קרבנות האָבן אייך געווונטשן.

## דער גורל פון א ייד

— וואָס איז דער חילוק פון א קו ביז א ייד ?
א קו ווערט פריער ארויסגעטריבן און נאָכדעם אויסגעמאָלקן און א ייד ווערט פריער אויסגעמאָלקן און שפּעטער ארויסגעטריבן

## אין שיכות מיטן מיליאָנען־שווינדל אין פּאַריזער מגבית קרן־היסוד

[illegible]

## כרושטשעוו פאַנטאַזירט



[illegible]

# א תקופה פון פּאָליטישע דערנענטערונגען

מען דערנענטערט זיך. אלטע „פיינדע" ווערן נייע „פרוינדע" און אומגעקערט. מיט נייע פריינט קומען צו נייע שונאים. מען קען נישט שטענדיק לעבן מיטן זעלבן שונא און מיטן זעלבן פריינט. מען דארף זיך באנייען.

אינגאנצן אן שונאים וואָלט דאָס לעבן נישט געווען אינטערעסאַנט. אויב מען קען נאָך גלויבן אין דויערהאפטער שנאה, קען מען אבער ווייניקער גלויבן אין דויערהאפטער פריינטשאפט. שנאה איז קרעפטיק, פריינטשאפט איז דעליקאט, א יעדע ווינטל בלאָזט זי אוועק.

אמת, ווען מיר זאָלן מאבן א חשבון וואָס דער אלטער שונא האָט אונז געקאָסט וואָלטן מיר פאר דעם פרייז געקענט זיך איינשאפן צען אנדערע.

אנטקעגן וואָס זאָגן מיר דאָס? אנטקעגן דעם וואָס יעדער קען זיך האָבן זיין מיינונג וועגן דייטשלאַנד. אבער מען דארף אנערקענען דעם אמת. אז זייט 1945 האָלטן די דייטשן אין איין טענהן, אז זיי זענען אונז אלץ מוחל.

דאָס הייסט א ושעסט: דייטשלאַנד איז גרייט צו פארגעסן אלץ וואָס מיר האָבן קעגן איר געטאָן.

און זי האָט אונז וואָס מוחל צו זיין. סי סי! ווען נישט מיר יידן, וואָלט די דייטשן קיינמאָל נישט איינגעפאלן צו בויען „קאצעטן", נישט קיין קרעמאַטאָריעס, נישט קיין גאַז־קאַמערן. זיי וואָלטן זיך נישט געמוזט באשעפטיקן מיט אזא פּראָבלעם ווי „די ענטגילטיקע לייזונג פון דער יידן־פראגע". נישט קיין געטאָס, נישט קיין געטאָ־קאמפן היינט פארגעסט נישט אז זיי האָבן פארלוירן אזא הייסן פּאַטריאָט ווי אדאָלף אייכמאַן און אויף גלאָבקען ציטערט נאָך די הויט.

קאָנ־אַד איז דאָס אלץ אונז מוחל — און נישט בלויז מוחל. נאָר אדרבא: אפשר דארפט איר א גמילות חסד צו שטעלן זיך אויף די פיס, איז ביטע שען, נישקשה, איר זענט א בטוח.

און אפשר וועט נישט קומען קיין נייער היטלער, ווייל היינט איז שוין נישטאָ קיין פּראָבלעם פון „דראַנג נאָך אָסטן". היינט איז גענוג איבערצוקלעטערן א מויער איז מען אין אָסטן.

פון־עסטוועגן... לאָמיר זיך נישט צופיל פרייען מיט די נייע פריינט וואָס זענען אלטע שונאים. לאָמיר זיך אפשר בעסער קוויקן מיט די נייע שונאים וואָס זענען אלטע פריינט.

לאָמיר זיך דערנענטערן... קודם כל צו זיך אליין.

# צו וועלכן אָקס געהערט איך? צו וועלכן בלאָק געהער איך?

וואָס זאָגט איר צו מיין בלאָק? (פריינט זעצער זייט אייך נישט טועה און שרייבט נישט בראָך).

איך ווייס נישט ווי איר. נאָר איך קען זיך נישט צופאסן צום הייננטצייטיקן לעבן, צו דער הייננטצייטיקער פּאָליטיק צו די הייננטצייטיקע טענץ (פּאָליטישע טענץ) איך קען נישט!

אָט איז לעצטנס ארויס א מאָדע פון „בלאָקן" מיט „אקסן". אקס פאריז—באָן, אקס מאדריד—פאריז, אקס דמשק—באגדאד, אמאַן—ריאַד, קאירא—סאנא, פעקין—האוואנא, מאנאקא—אנדאַרא, וואשינגטאָן—מאָסקווע. מען העט נישט מער ווי אקס און אקס! באזעס און אקסן, א באזע אהין א באזע אהער, אן אקס דאָרט, אן אקס — דאָ! אפשר קענט איר מיר זאָגן ווי אזוי אזא ייד, ווי איך זאָל זיך דאָ אויסגעפינען? אז בסך הכל וואָלט איך גאר באדארפן געהערן צו דער אקס חוץ־לוי—סירעץ און וואָלט באדארפן פארן אויף א קוראַציע קיין אקס־לע־בען, ווייל עס טוען מיר ווי די אקסלען

און ווער ווייסט, אפשר שטייען מיר גאָר פאר אן אקס ירושלים—פאריז, און קען מען דאָך דיגען אין ישראל און זיין א גענעראַל אין פראנקרייך, עס גייען ארום קלאַנגען אז די פראנצויזישע ארמיי וועט קענען מאבן מאנעווערס אין צפת און די ישראל־ארמיי וועט קענען מאבן מאנעווער־עס אין ברעטאַ.

אמת, אז די דאָזיקע ידיעה איז נאָך נישט באשטעטיקט דורך דער לענגמאַן־אגענטור און נישט מצד דעם קאָמבאַטאנט יצחק אָרפּוס, אבער עס איז פאראן א חשד וועגן א געהיימער מיליטעריאַנס ישראל־פראַנקרייך, שוין צוליבן פאַקט, וואָס צווי פאריזער קינדער (ריידי־לעווין) האָבן לעצטנס געפּראַוועט א חתונה אין חניתה אנשטאָט אין האָטעל־קאָנסינענטאַל. (חניתה איז במעט די זעלבע אותיות וואָס חתונה).

היינט די בלאָקן? הימל און ערד און בלאָקן, מערב־בלאָק מזרח־בלאָק (א „בלאָק" צו אזעלבע בלאָקן!) אפריקאַנער בלאָק, איראָפּעאישער בלאָק, אזיאַטישער בלאָק, די גאנצע וועלט איז פאַרשטעלט מיט בלאָקן אז עס מישט זיך אייך אין די געהירן, אונטער־בלאָק, איבער־בלאָק, אנטי־בלאָק, עס פעלט נאָר בלויז א יידישער בלאָק, אבער צו דעם וועט זיבער נישט קומען. איך קען אונזערע יידן בעסער פון אייך: אויב בלאָקן וועט יעדער מאבן א בלאָק פאר זיך. ביי יידן וואָלט זיך אפשר בלויז געלאָזט ארגאַניזירן אין פאך־בלאָקן: טריקאָ־בלאָק, קאָנפעקציע־בלאָק הויזן־בלאָק, פּוטער־בלאָק, שרייבער־בלאָק, (איך וואָלט באלד מיך פארשריבן אין וואלדמאַן־בלאָק, ווו מען דארף נישט קענען שרייבן און פּאָטענדירן אויף ליטעראַט קאָמעם).

דערווייל בין איך אין די גרייטע פרעסט אליין געוואָרן א בלאָק אייז, איך געהער נאָך אלץ צום מערב־בלאָק מיין דירה אין א נייע הויז, פּעטער בלאָק און מיין ווייב לערנט מיט מיר בליק...

## א פאַנטאַזיע אַזאַ

דער אנטי־ברושטשעווישער גרופּע איז א געוויסן טאָג געלונגען צו באזייטיקן ניקיטאַן פון דער מאַכט און איבערצונעמען דעם רודער אין ראַטנפארבאַנד. האָט זי באַלד צונויפגערופן א זיצונג און דעם עולם האָט גענומען זובן עצות וואָס מען טוט מיטן בעל־דבר.

— לאָמיר אים באשטימען אלס דירעקטאָר פון דער עלעקטרא־סטאַציע אין סיביר — האָט פארגעלייגט מאלענקאָוו.

— ניין, בעסער שיקן אים קיין ווין אלס פארשטייער פון ראַטנפארבאַנד אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע פאר אטאָמישער ענערגיע, זאָגט מאָלאָטאָוו.

— איך האָב אן אנדער פּלאַן — האָט זיך אָנגערופן קאַגאַנאָוויטש. — לאָמיר ענדערן זיין נאָמען אויף אבראַמאָוויטש און זאָל ער פאר זיך אליין פּרוּוון זובן באשעפטיקונג אין מאָסקווע...

◆

## סאיז ווי מען נעמט עס

עטלעכע מענטשן זענען געזעסן און גערעדט וועגן תל־אביב. האָט איינער א פּרומער אין א בייזער געזאָגט:

— גיט א קראַבט, וואָס פאר א מיאוסע שטאָט תל־אביב איז, יעדער ייד, וואָס דו באגעגנסט דאָ, איז א גוי.

האָט אים א מילדערער ייד געענטפערט:

— גיט א קראַבט, וואָס פאר א טייערע שטאָט תל־אביב איז, יעדער גוי, וואָס איז באגעגנט דאָ איז א ייד...

## דיפּלאָמאַטישע גראַמאַטיק

מען דערציילט, אז ברושטשעוו האָט לאַנג געהאָרעוועט ביז ער האָט צונויפגעשטעלט זיין לעצטן בריוו צום פּרעזידענט קענעדי.

— נו, וואָס איז דיין מיינונג וועגן מיין שרייבן? — האָט ער דערנאָך געפרעגט זיין אויסערן־מיניסטער גראָמיקאָ.

— פּרעכטיק! האָט גראָמיקאָ געענטפערט. — א זעלטענער מוסטער פון דיפּלאָמאַטישן פארשטאַנד און העפלעכקייט. אבער „סוקין סין". שרייבט מען נישט מיט קיין „זע" און „פּאַראַזיט" — מיט קיין „בע".

# א קרבן פון קריזיס אין מאַרשע קאַמען

איך האָב פיינט צו רעדן פּאָליטיק. אָבער מיין ביטער מזל איז שוין אזוי אז ווי איך קום רעדט מען מיט מיר וועגן פּאָליטיק.

אנומלט זיץ איך אין רעסטאָראַן „מאַקס" אויף די נאָטר־דאַם און באַלד ביים אָנהייב, ווען איך האָב ערשט געהאַלטן ביי די ציבעלעס מיט לעבער, זעצט זיך אוועק א ייד ביי מיין טישל:

— מאָנסיע, איר קענט מיך נישט. אָבער איך קען אייך זייער גוט. איך ליי(ען) אייערע פּאָליטישע ארטיקלען. איר זענט דאָך ל. דאַם?

— איך בין נישט ל. דאַם, זאָג איך צו אים און האָב בשעת מעשה א פאַרגעסן אז מיט דעם ייד וועט זיך שלעפּט ענדיקן.

— ס'איז נישט וויכטיק. אָבער א צייטונגס־מענטש זענט איר. זאָגט זשע מיר וואָס טראַכט איר וועגן מאַרשע קאַמען? מען דאַרף אַריינעמען ענגלאַנד צי נישט?

— ס'אַרט מיך נישט אז יאָ און ווער נישט ווערן בדלות אַז נישט.

— איך האַלט אַז דע גאַל מוט גלייך וואָס ער וויל זיי נישט האָבן. איך האָב ביינט ענגלענדער. זיי דערמאָנען מיך אין פּקוּדוס..

— זייער ריכטיק. ווער דאַרף זיי?

— אָבער פונדעסטוועגן וואָלט די ענגלענדער געווען א שטיקל גאַראַנטיע, אז דער אמעריקאנער פעטער וועט אונז נישט פאַרלאָזן. איר מוזט וויסן, אז אין ענגלאַנד וועלן מיר פאַרלירן אמעריקע אויך.

— ב'מיין עפּעס. מען דאַרף אומבאַדינגט אַריינעמען ענגלאַנד אין מאַרשע קאַמען... גאַרסאָן! א פּאָרציע לונג און לעבער!

— פון דער אַנדערער זייט וועלן די ענגלענדער שטערן צו א דערנענטערונג מיטן מזרח־בלאָק.

— וואָס דען? אַן ענגלענדער איז שטענדיק בעסער ווי מיט ענגלענדער. מ'דאַרף זיי נישט האָבן.

— אין מאָמער ברעכט אויס א מלחמה מיט רוסלאַנד? איר ווייסט, אז ווען נישט ענגלאַנד וואָלט דע גאָל אין 1940 נישט געווען געקענט אָרגאַניזירן די רעזיסטאַנס אין פראַנקרייך.

— פון דעם שטאַנדפּונקט גענומען ניזן מיר האָבן ענגלאַנד. זאָג איך אין קיל אז די בלוטן הויבן אָן קאָבן אין מיר אז מיין טאַנסיאָן הויבט זיך.

— איר ווילט וויסן מיין מיינונג?

— טשעקאַווע צו וויסן... (און איך נעם זיך עסן די לינגלעך מיט לעבער).

— איך טראַכט אז טאַלעיראַנד איז געווען גערעכט ווען ער האָט געזאָגט אז פראַנקרייך איז פאַרייניקט מיט ענגלאַנד ווי א ריטער מיט זיין פערד. פראַנקרייך וויל בלויז זיין דער ריטער. איר פאַרשטייט?

איך פאַרשטיי. אלס פערד איז ענגלאַנד ווי אנגעמאַסטן און איך וואַרף פון זיך אַראָפּ די וועסט. עס ווערט מיר געבענטשט היים...)

— אויב ישראל זאָל אַריינטרעטן אין מאַרשע קאַמען, וואָלט אונז נישט אַנגעשטאַנען א שותפות מיט ענגלאַנד... איך ווייס לאָבן. ווען איך זע אַן ענגלענדער, דערמאָנט זיך מיר די יידישע לאָנערס אין ציפּערן...

— נידער מיט ענגלאַנד! האָב איך אויסגעברומט ווי א צערייצטער לייב אין א צירק.

— ס'רעדט זיך נאָר אזוי! פון דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט איז זיכער אז מען זאָל אַריינעמען ענגלאַנד וואָס וועט בקרוב האָבן א לייבאָר־רעגירונג. האָט איז פריינטלעך צו ישראל.

— מען מוז זיך רעכענען מיט די דעמאָקראַטישע געפילן, ענטפער איך. און מאַך מיר לויז דעם קאַוואַט, וואָס האָט מיך גענומען שרעקלעך שטיקן.

— וואָס וואָס די ענגלענדער האָבן אָפּגערופן דעם באַזוך פון דער פּרינצעסין מאַרגאַרעט אין פּאַריז. צוליבן מאַרשע קאַמען איז נישט געווען קלוג. ווייל אין פראַנקרייך איז מען זייער עמפּפינדלעך ווען עס האַנדלט זיך אין א שיינער פרוי. דאָס וועט דע גאָלן נאָכמער ברוגז מאַכן.

— זאָלן זיי גיין צום טייוול, די ענגלענדער! גאַרסאָן! א לעגים קרעפּלעך, כאָטש ווו פּלע.

— אָבער ענגלאַנד איז א רייך לאַנד. און עס איז תמיד בעסער צו האָבן אויך א רייכן שותף. איידער בלויז אזעלכע לבצנים ווי בעלגיע, מיט לוקסנבורג.

— אַוודאי איז לעבן א שווערן וואָגן ייבט צו גיין צו פוס.. גאַרסאָן! וואָס געדויערט אזוי לאַנג? ווו זענען די קרעפּלעך?

— די ענגלענדער זענען נישט קיין דיפּלאָמאַטן. צו וואָס האָבן זיי באַלד גענומען דראָען אַז זיי וועלן נישט שיקן זייער טוריסטן קיין פראַנקרייך?

— זיי זענען אידיאָטן... (עס באַפאַלט מיך פּלוצים א ווילדער חשק אַנצוכאַפּן דעם ייד פאַרן גאָרגל און וואָרגן. מיין טויט אָדער זיין טויט).

— איך צודיקגעשמועסט: ווען מען נעמט אַריין די רוסן וואָלט געווען בעסער?

— ערגער!

— פון וואַנען ווייסט איר אז ס'וואָלט געווען ערגער? פאָלקס־בינע איז א גרייסער אָפּנעמער. זי האָט גאָרנישט און זי דאַרף אַלץ.

— אין דעם פאַל איז אוי־אוי.. (איצט הייבט מיר אָן ווערן קלאָר אז א דראַמע איז אומפאַמיידלעך איך באַהערש מייער נאָך מיט די לעצטע ביחות).

— אָבער בינע איז א דלפון און יעצט ווייסט האָבן קיין דעוויזן צו באַצאָלן פאַר די סחורות.

בעסער נישט אָנצוהייבן מיט די כינעזער, ביי די וואָרטער איז מיר א קרעפּל געבליבן שטעקן אין האַלדז. איך האָב זיי שרעקלעך פאַרדערגעהוסט. יעדער איינער איז געקומען צו מיר. דאָס מיך דער ייד געוויסט אז מאָרגן צו מיטאָג וועלן מיר פאָרזעצן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן פּאָליטישן שמועס.

אפשר ווייסט איר ווו עס געפינט זיך אן אַנדערער יידישער רעסטאָראַן?

## אַ שמועס צווישן נעצל פון פלעצל און וועלוול פון בעלוויל

— איז אמת, אז דער דירעקטאָר פון א געוויסער קאַזינאָ זאָל זיך האָבן באַשטייערט מיט א גרויסער סומע פאַרן מגבית?

— עס קען זיך לייגן אויפן שכל: ער גיט דען זיין געלט?

●

— א'ז קאָנגאָ איז שוין שטיל?

— אַוודאי אויב לעאָפּאָלד וויל און עליזאַבעט וויל אויך. איז טאָקע געוואָרן פון שידוך.

●

— ברושטשעוו איז טאָקע מסכים אויף א וואָפן־קאָנטראָל אין רוסלאַנד?

— מסתמא האָט ער זיי שוין גוט באַהאַלטן.

●

— האָסט געהערט אז דער ספּעציאַליסט פאַר רעומאַטיזם, דר. בראַדאַטי, האָט באַקומען דעם ערן־לעגיאָן פאַר זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן?

— געהערט. אָבער פאַרוואָס זאָלן די קראַנקע נישט באַקומען דעם ערן־לעגיאָן. וואָס קראַנקען איז דאָך נישט זייער פאַך. זיין ליידן אומשולדיק און עס קאָסט זיי נאָך געלט אויך?

●

— וואָס זאָגסטו צו די ליטעראַרישע משים און יעזינוכי האָבן זיך דאָס געגעבן א יאָרף אויפן טויטן לייוויק. דער האָט אים געזען דאָ דער האָט אים געזען דאָרט?

— דאָ וואָלט זיך אַריינגעפּאַסט דער פּסוק פון תהילים: „למה רגשו גוים"? אי באַלד ציטירן א צווייטן פּסוק פון צווייטן קאַפּיטל: יושב בשמים ישחק... וואָס מיינט מען לייוויקן.

●

— ביים פייערן [illegible] לוקסנבורגס 70־ער האָט הרב רובינשטיין געזאָגט אז ביז 70 זענען עס ווייניגסטע יאָרן און נאָך 70 — געשענקטע. וואָס מיינסטו?

— איך מיין אז דאָס וואָס ס'איז געשענקט דאָס וואָס מען קריגט בחנם איז גאָרנישט ווערט אָבער די געקויפטע יאָרן איז אויך א מזל־זאַך: א טייל מענטשן צאָלן פאַר זיי זייער טייער און אַנדערע קריגן זיי בחצי חנם.

## נישט מיט וויינען נאָר מיט לאַכן... וועלן מיר די וועלט איבערמאַכן

# מירן ראַטעווען דאָס יידישע טעאַטער

## (אַ בייז אַנשיקעניש אין המשכים)

(המשך)

דע־דל־שפּילער . — פריינדע ! די קאַ״ם ! דער וואָס קאָן נישט פאַרשפּילן, דער קאָן אויך נישט געווינען. מיך פּער־סאָנעל׳מאַן גייט מיך נישט אָן. ווער עס גיט קאָרטן, כ׳מייז וועמען מען דאַרף העלפן. אָבער איינשטעלן מוז מען. סטאַווקע מוז זיין אַז נישט איז דער שפּיל פּאַרן סייווי׳. איך בין ביי דער מיינונג, אַז אויב עס איז פאַראַן אַ פּיעסע וואָס זאָל זיין אמתע פיר טייז, אָדער אַפילו אַ „טוט־אַטו״. קאָן מען שמועסן. אַז נישט לוינט זיך נישט צו מישן די קאָרטן און איך בין דער ערשטער וואָס לאָזט זיך אַ־רויס פון שווינדל. וועמען איר וועט פּ־עגן, וועט ער אייך זאָגן, אַז אויב איר גייט אַריין אין אַ וואַלעט, מוזט איר „בייט״ ווערן. אויב איר ווילט אַז איך זאָל איינשטעלן דער ערשטער — פּאַש איך.

פּאַרזיצער : — שוין לאַנג נישט גע־הערט אַזאַ גייסטרייכע און אַזאַ סטילים־טיש פיך געבויטע רעדע. נעמט אָן אונ־זער אָנערקענונג פאַר אייער טיפע זאַב־יעקטיוו און איך גיב איצט (דער היקאַטש שטייט אייך) דאָס וואָרט דעם אומפאַר־גלייבלעכן פּרעזידענט פון חסד של אמת.

פּ־עזידענט פון כלל־טוערס · — שלום! עס גייט נישט ווייטער ! דער פּרעזידענט פון פּלאַפּלער־פאַריין איז מער יחסן פון מיר ? ! דאָס הייסט ביי אייך דעמאָק־ראַטיע ? איך פייף אויף אַזאַ...

פּאַרזיצער — אויב איר היקעט ניט ביים פייפן איז אפשר טאַקע בעסער אַז איר זאָלט אויספייפן אייער רעדע. אָבער דערווייל האָט איר נישט דעם פייפער... כ׳מיינדאָס וואָרט (צום פּרעזידענט פון חסד) ביטע מאַעסטראָ !

פּרעזידענט פון חסד : — מעז אַמי ! עס פילט זיך אַ בלוטיקע נויטווענדיקייט צו האָבן אַ שטיקל טיאַט. אוודאי וואָלט בעסער געווען אין פראַנצויזישער שפּראַך אָבער זאָל שוין זיין אין זשאַר־גאָן. מיין סאָסיעטע שיקט אייך איבער איר האַרציקסטע גראַטולאַציאָנען — און פּאַרזיבערט אייך, אַז וויבאַלד עס וועט אייך טאַקע געלונגען איזעקצישטעלן אַ טיאַט אויף געזונטע יסודות צי אַפילו אויף נישט־געזונטע יסודות — האָבן מיר אונזער אייגנס אַ גרויסן קאַווע וואָס מיר שטעלן צו אייער דיספּאָזיציע׳ דאָס איז אונזער דרשה־געשאַנק וואָס מיר שענקען אייך, מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט אים וואָס מער און וואָס בעסער אויס נוצן. עס איז זייער מעגלעך, אַז מען וועט נאָך אַמאָל זוכן אַ יידישן אַקטיאָר — און אַז מען וועט אים זוכן, זאָל מען וויסן ווו אים צו געפינען...

פּרעזידענט פון כלל־טוער — חוצפּה! איך וועל אים ענטפערן ! איך וועל אים שוין דע־ציילן די מעשה. (ער בלייבט שטיין און וואַרט אויפן פּרעזידענט)

פּאַרזיצער : — מיר זענען באַגייסטערט פון דער גרויסמוטיקער רעדע וואָס דער ליבער פּרעזעס האָט דאָ גאָר־וואָס גע־האַלטן. מיר וואָלטן אים פונדעסטוועגן נישט געוואָלט אוועקנעמען דעם איינציקן קאַווע וואָס וואָלט געקענט גאַנץ גוט געברויכט ווע־ן דורך אייך און אייער וויכטיקער סאָסיעטע. טעאַטער נויטיקט זיך נישט אין קיין קאַווע, ווייל עס ליגט שוין סיי־ווי אין דער ערד. און איצט גיב איך איבער דאָס וואָרט דער פּרעזידענטין פון דער געזעלשאַפט „שוץ פאַרן יידישן אַקטיאָר״.

פּרעז. פון בלל־טוער — (כאַפּט אַ פלאַש, פאַרמעסט זיך קעגן פּרעזידענט. גיסט אַלע אָפּ) איך וועל רעם ממזר דער־הרגענען ! דיסקרימינאַציעס ! דאָס זע־נען דיסקרימינאַציעס ! אָדער איך וועל רעדן, אָדער קיינער נישט !

פּאַרזיצער — שפּעטער.

פּרעז. שוץ פאַר אַקטיאָרן : — עס איז אַ טעאַטער מיט אייער טעאַטער ! מיט קיין פּעסימיזם האָט מען קיין פּיראַמידן נישט אויפגעשטעלט מיך קאָנטאַקט מי־טן יידישן טעאַטער איז שוין נישט פון נעכטן ; ביי יעדער פּ־עמיערע האַלט איך אַ רעדע. אַנדערע שטעלן אונטער אַ פּליי־צע — איך שטעל אונטער דאָס מויל דאָס הייסט אַז איך רעד. איך באַגריס און רעד ווידער און באַגריס ווידער — און אויב איר וועט עפענען אַ לייטיש טעאַטער, וועל איך אייך אַפילו דערלויבן אַרויסצוהענגען אַן אַפיש ביי מיר אין דער קיך. דעדמיט, האָף איך, אַז איך וועל האָבן מיין פליכט דערפילט. און איר דאַרפט טאָן דאָס דעשט ?

פּרעז. פון כלל־טוער : — מיטן אונ־טערשטעלן דאָס מויל האָט איר דערפילט אייער פליכט ?

פּאַרזיצע־ . — עס איז פאַר אונז גע־ווען די גרעסטע און אָנגענעמסטע איבער־ראַשונג צו הערן אַזוי פיל איבערגעגעבנ־קייט און גרייטקייט צו בדענגען ווייטער־דיקע קרבנות אַפילו דורך דערלויבן אַ־רויסצוהענגען אַפישן אין איר פּריוואַטע קוך. עס איז באמת נישטאָ קיין ווערטער אייך צו דאַנקען — גאָט זאָל אייך נאָר באַצאָלן.

פּרעז. פון כלל־טוער : — אויף גלייכן וועג !

(ווייטער קומט)

## לאַכט פון זיך

### דאָס האָט געזאָגט אַלבערט איינשטיין

— אויב מיין טעאָריע וועט זיין אַ ריכ־טיקע וועלן די דייטשן זאָגן אַז כ׳בין אַ דייטש און די פראַנצויזן וועלן זאָגן, אַז כ׳בין אַ וועלטבירגער. ווען מיין טעאָריע וועט אָבער זיין נישט ריכטיק, וועלן די פּ־אַנצויזן זאָגן, אַז כ׳בין אַ דייטש און די דייטשן וועלן זאָגן, אַז כ׳בין אַ ייד.

### מאָלע וואָס עס טרעפט

צוויי זשורנאַליסטן פון אַ יעווסעקי־שער צייטונג זענען אַרויסגעפאָ־ן קיין ראַטן־רוסלאַנד אויף אַ באַזוך. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז צוריקגעקומען בלויז איי־נער פון זיי און האָט באַלד גענומען זינ־גען לויב־געזאַנגען פאַרן סאָוויעטישן לעבן. „איך האָב ראַרט געזען מעכטיקע אונטערנעמונגען — האָט ער געשריבן — וו.נדערלעכע בנינים און טעאַטערס, —

איך האָב געזען שפּע. גריק „לעבנס־ברייד...״

— אַלץ זייער שיין — האָט אים דער רע־אַקטאָר געזאָגט — אָבער אייער קאָ־לעגע קעניג האָט איר געזען ?

— קעניג איז פאַרבליבן אין אַן איק־ראַינישן אַרבעטס־לאַגער — האָט דער זשור־נאַליסט געענטפערט. — אים איז נעבעך עפּעס נישט געלונגען צו זען די אַלע נסים ונפלאות.

E P I N G L E S
Bulletin Interieur
Directeur-Gerant :
A. A. LIBERMAN
20, Allee des Bouvreuils a Drancy
(Seine)
Tel. AVIation 18_89

קאָרעקטאָר — ד מלמד

Imprimerie PAX, 17 r. St. Joseph
PARIS 2e